קאַלמען ליס



# קינד און רינד

[illegible handwritten inscription] 1936.

קאלמען ליס

# קינד און רינד

פארלאג „שוואלבן" ווארשע

1936

יאשקען, דאוויקן
און אוריקן —
אַ מאַטאָנע.

# פאַר ברעקעלעך קליינע און גרויסע

פאַר ברעקעלעך קליינע און גרויסע,
פאַר אַלע, פאַר קינד און פאַר קייט.
וואָס בין איך אין ליד מער דען אויסן
ווי טיילן מיט זון זיך און פרייד?

מ׳עט זאָגן, די זון איז אַ פרעמדע;
פאַר איינציקע שיינט זי די זון,
און קינדער אָן קליידלעך, אָן העמדלעך —
וואָס ווייסן די קינדער דערפון?

מ׳עט זאָגן, די פרייד איז אַ בלאַסע
ביי קינדער פון אָרעמעלייט,
צווישן די קעלער־ווענט נאַסע —
בעמעס, אַ וואָס פאַר אַ פרייד?

מ׳עט זאָגן און מ׳עט דאָך גערעכט זיין:
אויך ס׳ליד קלינגט דאָך בעסער אין פעלד,
ווי לאַנג טאָקע וועט אַזוי שלעכט זיין,
די שיינע און ליכטיקע וועלט?

ווי לאַנג־נאָך זי וועלן באַוויינען
די אָרעמע קינדער אין נויט?
אַוואַדע שוין צייט, עס זאָל שיינען,
פאַר אַלע דער זונאויפגאַנג רויט

פאַר אַלע די זונאונטערגאַנגען,
פון ליכטיקן הימל דער בלוי,

און נישט בלויז פאַר איינעם די זאַנגען,
און פאַר אַ צענדליק די שטרוי.

אַזוי וועט דאַך זיין, נאָר דערווײַלע,
ביז ס׳ברעכט אָן דער בלויער קאַיאָר,
דאַרף מען אייך, קינדער, דערציילן
פון בונטער און לויטערער וואָר.

דערציילן פון ווינט און פון ראָסע,
דערציילן פון רעגן און שניי;
עס זאָל טון אַ פינקל די קאָסע,
און זאָל זיך צעשמעקן דאָס היי.

אַ דריי טון דעם גאָלדנעם טעלער
אין קליינער פאַררויכערטער שויב,
און זאָל אויך אַמאָל פאַר אַ קעלער
צעוואָרקן פון פרייד זיך אַ טויב.

אין יעשען צעגרינען אַ פרילינג
צעוואַקסן מיט גראָז און מיט בלים,
אין ווינטערדיקער סוטערינע
צעבליען מיט מאַיקן צווייט.

און אָנפילן דומפיקע הויפן
מיט רייאַך פון וואַלד און פון פעלד,
מיט הינטעלעך, קעלבעלעך, אויפעס,
מיט וואָס נאָר פאַראַן אויף די וועלט.

און זאָלן־זשע קינדער געדענקען
אין מיר זייער האַרציקן פריינט —
דאָס ביכעלע טו איך זיי שענקען
אַ שטראַל אין דעם פי׳נצטערן היינט...

# מאָרגנרויט

אויף אַ פּאַרקאַן, אויבן־אָן
שטייט אַ קאָלאָקוצקער האָן —
קוּ קוּ רי קוּ ראָ!

ס'איז די נאַכט — אַ שוואַרצע קראָ,
אַוועקגעפלויגן, שוין נישטאָ —
קוּ קוּ רי קוּ ראָ!

ס'ברענט ביים האָן דער רויטער קאַם,
ווי ביים זונאויפגאַנג דער פלאַם,
קוּ קוּ רי קוּ ראָ!

שטייט ער שטאָלץ זיך אויפן פלויט
און באַזינגט דעם מאָרגנרויט —
קוּ קוּ רי קוּ ראָ!

# אַ טאַנץ און אַ לאַך...

אַ קאַץ האָט פיר פיסעלעך,
צ' קאַץ האָט פיר פיסעלעך,
אַ הינדעלע צוויי,
אַ הינדעלע צוויי.
אַ קאַץ כאַפּט קליינע מייזעלעך,
אַ קאַץ כאַפּט קליינע מייזעלעך, –
אַ הינדעלע לייגט אַן איי,
אַ הינדעלע לייגט אַן איי.

מיאַו, מיאַו, מאַכט דאָס קעצעלע,
מיאַו, מיאַו, מאַכט דאָס קעצעלע,
דאָס הינדעלע — קודאַך! –
דאָס הינדל — קוד... קודאַך!
אין שול, קליינע קינדערלעך,
אין שול שיינע קינדערלעך,
אַ טאַנץ און אַ לאַך,
אַ טאַנץ און אַ לאַך.

# דאָס קעצעלע

קיצל, קאַצל, קעצל
לעקט מילעך פון אַ טעצל,
ציק און צאַק און צעק,
דרייט לייכט מיטן עק,
אויסגעלעקט דאָס טעצעלע —
נאָך אַ פּאָדעם קלעצעלע
יאָגט עס זיך געשווינד,
מאַכט זיך פּלוצים בלינד,
פּאַרטייעט זיך שאַ, שטיל!
און אָטאָ — צאַפּ! געצילט,
געפאַנגען ליגט דאָס קלעצעלע
און נעגל שאַרף ביים קעצעלע,
זי לאָזט עס נישט אַרויס —
אַ שפּיל אין קאַץ און מויז...

# מיזעלע, מייזעלע...

— מיזעלע, מייזעלע,
ווייז מיר דיין הייזעלע,
מיזעלע מויז
ווייז מיר דיין הויז!

— ייִנגעלע, קלינגעלע
כ׳זאָג דיר נישט אויס,
כ׳האָב מוירע, פאַר קעצעלע
גיסטו מיר אויס.

# איצעלע, צינטעלע און װעלװעלע

איצעלע דאָס פּיצעלע
האָט זייער ליב זיין קעצעלע,
װייל ס'האָט פיר קליינע לאַפּקעלעך,
צען שפּיציק שאַרפע דראַפּקעלעך,
װייל ס'האָט אַ קורצינק נעזעלע
װייל ס'יאָגט זיך נאָך אַ מייזעלע.

צינטעלע דאָס פּינטעלע
האָט זייער ליב איר הינטעלע,
װייל ס'האָט גאָר שאַרפע ציינדעלעך,
װייל ס'גריזשעט אָפּ די ביינדעלעך,
װייל ס'האָט צװיי קלוגע אייגעלעך,
װייל ס'יאָגט זיך נאָך די פייגעלעך.

װעלװעלע, דאָס שװעלבעלע,
האָט גאָר, גאָר ליב זיין קעלבעלע,
װייל ס'איז באַדעקט מיט לאַטקעלעך,
מיט װייס־שװאַרץ גלאַטע שמאַטקעלעך,
װייל ס'האָט פיר דינע פיסעלעך,
װייל ס'מעקעט צו צוביסעלעך. —

# ראַבטשיק

ראַבטשיק, ראַביק, ראַבקעלע,
איינס, צוויי, דריי, פיר לאַפּקעלעך
ברוין און סאַמעט שוואַרץ.
אויערן צוויי שמאַטקעלעך
שוואַרץ-ווייס גלאַטע לאַטקעלעך,
אייגלעך—גרינע אַרבעסלעך
קוקן שפּיציק שאַרף.

ראַבטשיק, ראַביק, ראַביקל
אַ לוסטיקער, אַ זשוואַוויקל
שוין איינמאָל דיר אַ האַווקעלע,
אַ הינטעלע אַ כוואַט!
נעם איך נאָר אַ טעפּעלע
שטופּט ער שוין זיין קעפּעלע,
מיט ראָזן צונג אַ טשאַווקעלע,
אַ גאַנצער פּאַני-בראַט!

ראַבטשיק, ראַביק, ראַבקעלע
געשענקט האָט מיר מיין באָבע אים
פון דאָרף מיר אַ מאַטאַנעלע
אַ טייערע געבראַכט.

אַ גאַנצן טאָג מיר שפּילן זיך,
ווי ברידערלעך מיר פּילן זיך,
און גיי איך שלאָפן — ראַבטשיקל
באַהיט מיך און באַוואַכט.

ראַבטשיק, ראַביק, ראַבקעלע —
אַ הינטל אַן אַנטיק,
צו האָבן אַזאַ הינטעלע —
איז גאָר אַ גרויסער גליק...

# מיקע מיט איר פרייד

ליגט זיך מיקע ברייט צעשפּרייט
פאַר דער זון
און זי ווייסט נישט מיט איר פרייד
וואָס צו טון.

פינף יאַטן — הינטלעך זשוואַווע
יונג פאַרשייט,
אויף איר רוקן, צווישן פיסלעך
ביי דער זייט.

קריכן, שטופּן זיך און פאַלן
שטייען אויף,
פּישטשען, מרוטשען, טוטשען, זויגן
אָן א סוף.

און זי, מיקע, ליגט צופרידן
אין דער זון,
ס'איז איר הייס, זי שטופּט אַרויס
א רויטן צונג.

ושמורעט אויגן, ווי אין דרימל,
כאַטש דער בליק
לאָזט נישט דורך פאַרביי כאָלילע
ווען א פליק.

אָט דער צונג, ווי אויף קאַטאָוועס,
טוט אַ סמאַק,
און אַ וווּנדער: שוין אַ פליגעלע
געפאַקט.

און דאָס קליינוואַרג רייבט זיך, שטופּט זיך,
שטרעקט די פיס
און באַלעקט זיך אין די פיטקלעך
פעטלעך זיס.

# מײַן פערד

װײַל איך — איז מײַן שטעקל
נישט קײן שטאָק—אַ פערד
רײַט איך װי אַ העק אויס
אויף דער גאָרער ערד.

איז מײַן פערד אַ יאָגער,
האָט ער פלינקע פיס,
כאָטש ער איז גאָר מאָגער
האָט ער ליב דעם ביס.

קאָרמע איך מײַן פערדל
װאָס איך עס אַלײן,
טראָגט ער מיך, אױ הערט איר,
בלײַבט קײנמאָל נישט שטײן.

זאָגט מיר מאַמע „נאַר דו,
װוּ האָט מען געהערט
אַזױ זיך אײַנצושפּאַרן
אויף אַ שטאָק אַ פערד!"

װײַל איך מאַמען זאָגן,
װאָס איך טראַכט און קלער
און איך נעם מיך טראָגן
פלינקער אויף מײַן פערד.

# א בעהיימעלע

א בעהיימעלע, א קליינענקע
קיין יאָר איז נאָכנישט אַלט,
שוין צופּט עס זיך א גרעזעלע
אין גרינעם פעלד און וואַלד.

ווי פּערל שיינען ציינדעלעך,
ווי מילעך ווייס די האָר;
א בעהיימעלע, אַ קליינינקע
אינגאַנצן נישט קיין יאָר...

אָט הויבט עס אויף דאָס קעפּעלע
און טרייבט אַראָפּ א פליג,
וואָס זיצט זיך אויפן אייגעלע
און פירט מיט דעם א קריג.

אָט שטרעקט עס אויס דאָס העלזעל
און רייבט זיך אָן א בוים,
אָט טוט עס פּלוצים זיך א „מע"!
אַזוי ווי פון אַ טרוים.

אַוואַדע פּלוצים זיך פאַרקלערט
פון יענער גרויסער „מאָ!"
וואָס האָט די ווייסע פעל געלעקט
און איצט שוין מער נישטאָ.

# ציגײַנער

הערשל — בערשטל
קום אַהער,
איך — ציגײַנער
דו — אַ בער!
איך האָב טאַצן
דו — אַ פּעל,
לאָמיר מאַכן
אַ פאָרשטעל.

הערשל — בערשטל —
בוּ, בוּ, בוּ!
קאַלמען — זאַלמען —
טוּ, טוּ, טוּ!
הערשל — בערשטל
האָפּ, האָפּ, האָפּ!
האַלט, ציגײַנער,
הויך דעם קאָפּ!...

# געטראָפֿן

הערשקע,
הערשעק,
הער!

—

קום
צו מיר
אַהער!

טרעף,
וואָס כ׳וועל דיר
ווייזן,

א שפּילעכל
פֿון אייזן,

לאַנגע שפּיצן האָט עס,
טויג זיך צו קאַפּאָטעס,
מענטעלעך און סעק,
לײַבעלעך און זעק —
פֿון אַלע צייגן=שטאָפֿן,
און ס׳קלינגט בײַם לייגן שלאָפֿן!

הערשקע,
הערשעק,
הער,
קלער נישט לאַנג:

א
ש
ע
ר ז...

# אַ נוּ, טרעפט נאָר, ווער איך בין???

כ׳האָב אַ קעפּל
און איך קלער נישט,
כ׳האָב אַן אויער
און איך הער נישט,
נאָר דערפאַר אַ צינגל שאַרף,
צי מען דאַרף נישט, צי מען דאַרף.

כאָטש כ׳בין שפּיציק, ווי אַ שפּיז,
בין איך גוט... אַ וווּ אַ ריס —
אַהין,
אַהער,
אַ טאַנץ,
אַ גלאַנץ,
און עס איז דער ריס שוין גאַנץ...

יאָ, איך בין שוין אַזאַ זאַך,
ווּ אַ קאַפּטל, ווּ אַ לאַך,
ווּ אַ לאַטע — באַלד אַ דריי,
ווּ אַ לעכל — פלינק אַ ניי.

ווי איר ווילט,
אַזוי זיך קלערט,

נאָר און מיר

אַ וואָסער ווערט.

אַטלאַס,

סאַמעט,

זייד,

סאַטין?!

אַ נו, טרעפט נאָר,

ווער

איך

בין?!?

# ווער איז עס?

שטייט אַ כאַיע ווי אַ באַרג,
מיט אַ
גרויסן,
גראָבן
קאַרק,
מיט אַ הויט, ווי גרויע גומע:
וועט איר טרעפן באַלד, מיסטאָמע,
ווער די גרויסע כאַיע איז.
ווי
די
קלעצער,—
שווערע פיס;
ס'דרייט אַ נאָז זיך, ווי אַ שלאַנג,
אַ „סטראַזשאַצקע" קישקע לאַנג. —
הענגען אויערן, ווי שמאַטעס, —
ווער־זשע
שטייט דאָרט אונטער
קראַטעס?!

# אַ זייגער

איינס צוויי, איינס צוויי,
כאָטש איך הענג מיר — גיי איך, גיי.

צוויי דריי, צוויי דריי
און איך זינג מיר צו דערביי:

טיק טאַק, טאַק-טיק!
אָט אַהין און אָט צוריק...

דריי פיר, דריי פיר,
אָן אַ צאָל און אָן אַ שיר.

פינף זעקס, פינף זעקס,
אָן אַ סאָף און אָן אַן עק.

טיק טאַק, טאַק-טיק
אָט אַהין און אָט צוריק...

זיבן אַכט, זיבן אַכט,
ווער לייגט שלאָפן דיך ביינאַכט?

אַכט ניין, אַכט ניין,
ווער-זשע וועקט אין שול אַריין?

טיק טאַק, טאַק טיק—
גיי געזונט און קום צוריק!

ניין צען, ניין צען —
לערן פלייסיק און מיט ברען!

עלף צוועלף, עלף צוועלף—
ס'איז דער טאָג שוין אין דער העלפט.

אויף דער וואַנט אויף מיר א בליק —
טיק טאַק, טאַק-טיק...

# דאָס צויבער־ווינקעלע...

מאַמע יאָגט מיך פונם ווינקל
צווישן שאַפע, צווישן וואַנט,
מאַמע וויים נישט, מאַמע זעט נישט
נישט מיין שטוב און, נישט מיין לאַנד.

אָטאָ שלאָפט מיין קינד אין וויגל,
אָט איז דער טיש, אָט איז די באַנק,
אָטאָ וויש איך אויס דעם שפּיגל,
וואָס אַנטקעגן, האָס אין שאַנק.

ווייל איך, גיי איך מיר שפּאַצירן
נאָך דער אַרבעט — פרייע צייט...
גלוסט מיר, לאָז איך זיך פאַרפירן
ערגעץ, דאָרטן, ווייט, ווייט, ווייט...

שרייט די מאַמע, שלעפּט די מאַמע
מיך פון ווינקעלע אַרויס,
מאַמע, מ — אַ — אַ — מע, האָב ראַכמאָנעס
אויף מיין קינד און אויף מיין הויז!..

## ווערוערקע, ברוין=פעלצעליג...

װעװערקע ברוין=פעלצעלע,
װעװערקעלע שיינס,
װאַרף אַראָפּ אַ ניסעלע,
אַ ניסעלע אַ קליינס!

ביסט דאָך אַזאַ גוטינקע,
האָסט דאָך שאַרפע ציין,
צעקנאַק=זשע מיר דאָס ניסעלע,
דאָס ניסעלע אַליין!...

— ביסט אַ קלוגער, יינגעלע,
רעדסט אַ גאָלדנע שפּראַך,
אָבער װאָס דו בעטסט אַצינד
איז שוין גאָר אַסאַך:

אַ ניסעלע — דאָס שענק איך דיר,
אַ יאַדעררדיקס, אַ שיינס,
נאָר דו —
דו זיי קיין פוילער נישט,
צעקנאַק עס זיך אַליין!...

# העזעלע...

„העזעלע קאָסאָקער*)
וואָס ביסטו פֿאַרקלערט?
אויף דיין באַק דער ווייכער
קייקלט זיך אַ טרער...

זאָג מיר, זאָג מיר, גרויער,
כ'האָב דיך אַזוי האָלט,
זאָלסט נישט זיין פֿאַרטרויערט,
וואָס־וואָלסטו געוואָלט?"

„ביסט אַ גוטער, כ'לעבן,
כ'פֿיל עס אין דיין בליק,
אָבער זומער־לעבן
קערסטו נישט צוריק!..."

---

*) אַ סיפּעלדיקער.

# קעמעלע האָרבאַטער...

„קעמעלע האָרבאַטער,
לאַנגער האַלדז און פיס,
זאָג, זענען מידבאָריעס
וויסטעענישן זיס?
זאַמד
און זון
און היצן,
זעלטן=ווען אַ גראָז,
נאָר אַ שטויב, וואָס קריכט דיר
הייס
צעגליט
אין נאָז?..“

„ביזט דאָך גאָר אַ קענער,
כ'זע, דו ווייסט אַסאַך
נאָר איין זאַך, אָ, קינד מיינס,
ווייסט נאָר נישט איין זאַך:

זאָל זיין זאַמד און היצן,
הימל — הייסער בליי,
אָבער ליב איז שטענדיק
ס'לעבן אויף דער פריי!..“

# קאָרן שניט

ווי די בינטלעך פֿלאַקסן־בלאָנדע גאָלדנע לאָקן
זעען אויס די זאַנגען איינגעשטעלט אין שאָקן.

ליגן פֿעלדער — לעמער, וואָלן אָפּגעשניטן
ס'האָט די שער, די קאָסע, אַ זאַנג נישט אויסגעמיטן.

שטעכן וואָרצלען דאַרע אין די הוילע פּיאַטעס,
פֿעלדער אָפּגעסערפּטע ליגן — געלע לאַטעס —

אויף אַ קלייד אַ גרינער, מיילן לאַנגער, ברייטער
איבער וועלט דער גאָרער יאָסעמדיק צעשפּרייטער.

אויף די לאָנקעס — סטויגן, אויף די פֿעלדער — שאָקן
אויפֿגעשטויסן ס'קאָרן אין די הויכע שטאָקן,

דאָ פֿון היי אַ כאַטע, דאָרט פֿון שטרוי אַ מויער,
און אויבן הימל הענגט — אַ דאַך, אַ בלויער.

# יעסענצייט

זון — נישטאָ,
נישט אויפגעגאַן,
אַ נעפּל שפּרייט זיך
אויף דעם לאַן,
אַ נעפּל שפּרייט זיך
אויף דעם פעלד,
ווּ איז די זון?
— האָט אָפּגעהעלט.

דער הימל־בלוי?
— האָט אָפּגעבלאַנקט.
דאָס גראָז, דער טוי?
— צערינען לאַנג.
דער גאָלדנער זומער?
— ווייט, ווייט, ווייט...
וואָס איז אַצינדערט?
יעסענצייט...

# זומער אויסגעגאַנגען...

זומער אויסגעגאַנגען,
אָפּגעשניטן זאַנגען,
אָפּגעקאָסעט ס׳גראָז,
זון זיך אויסגעלאָזט.
זון זיך אויסגעלאָשן,
שטראַלן אויסגעדראָשן,
פּוסט און הויל ווי שטרוי—
איז דער הימל גרוי.

אָנגעהויפנט כמאַרעס, —
בלויז ווי צווישן שפּאַרעס
בלויט אַרויס און העלט, —
האַרבסט איז אויף דער וועלט.

האַרבסט — אַ קראַנקער פּעטער,
הוסט אַרויף אויף בלעטער,
ווערן בלעטער מאַט,
געלבט זיך בלאַט נאָך בלאַט.

בלעטער ברוינע, רויטע
פאַלן קאַלטע, טויטע
אויף דער קילער ערד
טיף אין זיך פאַרקלערט...

## זונען־פלעקן — שאָטן־שפּיל...

זונען־פלעקן,
שאָטן־שפּיל,
ווינטל וויגט
די צווייגלעך שטיל.
קוים אַהין,
קוים אַהער,
צו דעם הימל
צו דער ערד...

רוישט אַ קוסטל,
שאַרכט אַ גראָז.
פליט אַ בלעטל —
ווּ און וואָס?!.
פאַלט אַ צווייגל —
ווען און ווּ?!.
אויף די סאָסנעס
גליווערט רו...

לופט איז קלאָר,
ווי דורכגעזיפּט.
אויפן הימלס
בלאָער ליפּ,

שווער דערבליקן
קוים, עטוואָס,
דאַכט זיך צווייפל,
דאַכט — פאַרדראָס.
ערד ?.. — נו, מיילע
שוין געוווינט, —
ליגט זיך שטיל
און שטוינט,
און שטוינט...

# ס'איז דער האַרבסט געקומען

ס'איז דער האַרבסט געקומען
מיט רעגן און מיט ווינט,
ס'וועלקען אַלע בלומען
אין גערטנדל אַצינד.

מיט די נאַסע צווייגן,
טיף אַין זיך פאַרקלערט,
ווײנט אויס סאָד די אויגן,
ס'איז דער האַרבסט באַשערט!...

ערגעץ אויף א לאָנקע
קלאָגט זיך שטיל א גראָז:
עלנט און פאַרבלאָנקעט
בין איך דאָ פאַרוואָס?

ס'רוען מיינע ברידער
לאַנג אין קלוניע שוין
און איך דאָ א מידער
בין שוין בלאָ און ברוין.

נאָר דער האַרבסט דער גרויער
אָן אַ שום פאַרוואָס,
כריכט מיט געלן טרויער
אויף בלאַט, אויף בלום, און גראָז.

# האַרבסט־לידער

כ'האָב ליב אַזוי דעם האַרבסט,
אוּן איר ווי קינדער, זאָגט ?
דאָס טייכל מוּרמלט האַרב
די ווערבע שטייט און קלאָגט.

די לאָנקע ליגט פאַרלאָזט,
אָן לעבן אוּן אָן מוּט,
נאָר מיר, איך ווייס נישט וואָס
איז עפּעס אַזוי גוּט...

איך ווייס דאָך נישט ווי איר,
נאָר איך אין האַרבסטיק רויט,
דערנישטער אוּן דער־שפּיר
דעם שמעק פוּן צייטיק ברויט.

דעם רייך פוּן פרישן אויבסט
אין קעלער אוּן אין קלייט,
און ס'איז מיר קינדער, גלויבט,
שווער טאַמעווען די פרייד!

כ'האָב ליב אזוי דעם האַרבסט
כאָטש כ'ווייס נישט וואָס אַליין,
אוּן איר ווי קינדער?... כ'וואַרט,
נוּ, גיכער, יאָ, צי ניין?

# שפּעטער האַרבסט

ווי אַ קיזל=שטיין אַ מאַטער,
קוקט די אויבערפלאַך פון טייכל.
טוקן זיך אין מאַטן שפּיגל
ווערבע=שטאַם און ווערבע=צווייגן.
און די פעלדער, ווי די טישן,
נאָך אַ סודע, נאָך אַ רייכער,
ליגן פּוסטע, איינגעהילטע
אין אַ טיפן, ברוינעם שווייגן.

הענגט דער הימל אַ פאַרקלערטער,
הענגט דער הימל אַ פאַרטרערטער
ווי אַן אויג אַ בלאַנקיט=בלויל עכס
מיט אַ בעלמע פייכט פאַרצויגן,
שפּעטער האַרבסט — אַ מידער פויער
אויסגעהאָרוועט, אויסגעצערטער,
און דער זומער, ווי אַ כאָלעם
נישט געשטויגן, נישט געפלויגן...

# קוקן שטיל די צווייגן אין מיין פענסטער...

קוקן שטיל די צווייגן אין מיין פענסטער,
ווי זיי וואָלטן בעטן זיך ביי מיר:
ס'איז די צייט אריבער שוין די שענסטע
און עס קלאַפּט דער ווינטער אין דער טיר...

ווייל, אָ, ווייל דיר, יינגעלע, צו שפּילן
אין דיין וואַרעם שטיבעלע אַליין,
אָבער מיר אין האַרבסט־טעג טריבע, קילע
מוזן עלנט בלייבן דאָ אַליין.

טרייסט איך זיי: נישט זאָרגט איך, מיינע צווייגן,
ס'וועט דער האַרבסט, דער ווינטער אויך אַוועק,
און איר וועט נאָך גרין צום הימל שטייגן
און די פרייד וועט זיין נאָך אָן אַ ברעג...

— אָ, אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, גוטער יינגל,
פאַר דיין צאַרטן, קינדערשן געמיט,
ס'וועט דערפאַר וועסנע־צייט דיר זינגען
אין אונזער גרינס דער סאָלאָוויי אַ ליד.

און אַ שאָטן וועלן מיר דיר שפּרייטן
אין די זומער־טעג, ווי קויל צעגליט
פאַר דיין טרייסט, וואָס האָט אַזוי דערפרייט אונז
און דערפרישט, ווי פרילינג־צייט דער בליט...

# ווער=זשע גייט עס דאָרטן, ווער?

ווער=זשע גייט עס דאָרטן, ווער?
גייט און סאַפּעט אַזוי שווער,
שפּאַנט און שפּאַנט אַזוי אַ צייט
און איז אַלץ נאָך מיילן ווייט?
איז דאָס עפּשער פרילינג=צייט?
ניין, דער פרילינג איז נאָך ווייט,
און זיין טראָט איז פעדער=גרינג
און זיין אָטעם פריש און יונג,
איז דאָס עפּשער זומער=האָלט?
ניין, דער זומער קלינגט מיט גאָלד,
פלייצט מיט זון און שטראָמט מיט שיין, —
ווער=זשע קען עס דאָרטן זיין?!
איז דאָס עפּשער קופּער=האַרבסט,
רויט באַזוימט און געל באַפאַרבט?
ניין, דער האַרבסט — ער שמעקט מיט ברויט.
פון דעם גייער טראָגט מיט נויט...
יאָ, איך ווייס שוין, ווער דאָס איז:
ס'איז דער פראָסט, וואָס טויט און וויסט,
דרינגט אַריין דורך קלענסטן שפּאַלט,
אָטעמט שווער און סאַפּעט קאַלט,
קריכט אַ גרויער אויף דעם דיל,
ווי אַ קאַץ פאַרטייעט שטיל.

# פרייט מיך נישט דער ווינטער, ניין...

פרייט מיך נישט דער ווינטער, ניין,
מיט זיין קומען, מיט זיין גיין,
מיט זיין אָנזאָג — בייזן פראָסט,
ווי אַ ווייסער, קאַלטער ראָסט
אויף דער טיר און אויף דעם שלאָס...
פרייט מיך נישט דער ווינטער, ניין,
ער פאַרקאָוועט שויבן=גלאָז
מיט אַ ווילד געדיכטן וואַלד.
און אין שטוב איז קעלער=קאַלט,
און אין גאַס אַרויסצוגיין
איז קיין שיך נישטאָ, אָ, ניין,
און אַ מאַנטל... ווער און וואָס?
אַז דער טאַטע — אַרבעטסלאָז,
און די מאַמע... איין געוויין...
פרייט מיך נישט דער ווינטער, ניין!

## פרייט נישט מוישעלען דער ווינטער

פרייט נישט מוישעלען דער ווינטער,
נישט די שיינע, ווייסע וועלט,
אַז אין גרויער שטוב אַצינדערט
באַלעבאַטעוועט די קעלט.

לייגט זיך אויס אויף וואַנט, אויף קאַלטער
גרוי באַמאָכטיקט און באַהאָרט,
ווו אַ לעכעלע, אַ שפּאַלט נאָר
באַלד איז קעלט אַ גאַסט שוין דאָרט.

און אַרויסצוגיין אין דרויסן?!
ס'וואָלט געוועז אַוואַדע וויל
זיך אַ גליטש טון, ווי אַ גרויסער,
זיך אַ וואָרף טון מיט אַ קויל,

האָט נישט מוישעלע קיין אויבערשט:
פיס אין שמאַטקעס, אַלט און שוואַרץ,
קוקט ער, בליקט ער דורך די שויבן
מיט אַזאַ פאַרקלעמטן האַרץ.

און ער בענקט נאָר נאָכן זומער,
וואָס אַוועק ווי אומגעריכט,
אַז ער מוז אין שטוב איצט זיצן
אָן אַ מאַנטל און אָן שיך...

## ווער שפּאַנט עס...

ווער שפּאַנט עס אַרום אינם וואַלד אינם פעלד
מיט וואַטענע קליידער און סאָפּעט מיט קעלט,
דערגייט צו אַ דערפל, קומט־אָן אין אַ שטאָט
און הענגט זיך מיט זילבער אויף דאַך און אויף דראָט?..

ווער קעניגט אין מילך־ווייסן צוקערנעם לאַנד
און שפּרייזט־איבער וועגן מיט פּענזל אין האַנט,
מאָלט פרעכטיקע בלומען אויף איטלעכער שויב
און זעט אויס אינגאַנצן — אַ פוך־ווייסע טויב?

ווער איז ער, דער גלעזער, וואָס גלעזט דורכאַנאַנד
די ברונימער, קרענעצעס, טייכן אין לאַנד,
גלעט אויס און שלייפט אויס דאָס אייז, ווי קרישטאָל
און לאָזט זיך אַוועק איבער באַרג, איבער טאָל?

## ווער איז עס?

קומט צוגיין דאָס פרעסטעלע
אין אַ ווייסן וועסטעלע,
ציט זיך אויס אויף ד׳ערד
און פאַרפרוירן ווערט.
אויף די שויבן וואַקסט און בליט
און דער טייך ליגט איינגעשמידט,
גאָרטן, סאָד, אַסווירן
שטייען פאַרמאַסקירט.
צווייגן — ווייסע פליגעלעך
שוויגן שטיל — נישט וויגן זיך,
הענגען ווי פאַרשטעלט,
איינגעהילט אין קעלט.
אויף די דעכלעך ציכעלעך
און לעם טיר — באַם שוועל
ליגט אַ ווייסע פעל.
ניין, ס׳איז ניט אַ פעל נאָר בלויז
אויסגעצויגן ברייט און גרויס
ליגט זיך — טרעפט־זשע ווער? —
אַ ווייכער, ווייסער בער!..

## ווער און ווען?

כ׳שפּרייז מיט ווייכע, ווייסע טריט,
גיי און פאַל און ווער נישט מיד;
כאָטש אָן פליגל, כ׳פלי העט, העט,
כאָטש אָן קישנס, כ׳בעט און בעט
פוכקע קלאָר דאָס פעלד, די גאַס.
קומט אַ שטראַל — איז ווער איך נאַס,
נישט געבליבן, ניט געווען
טרעפט־זשע, קינדער, ווער און ווען?!

# אַ גוטן מאָרגן, קינדערלעך

באַפרייט זיך האָט דאָס טייכעלע
פון גראָבן בלאָען אייז,
שוואַרצקעפּעלע, ווייסבייכעלע
געבראַכט אַ גוטע נייס:

דאָס ליבע ערשטע שוועלבעלע
געקומען פון דער ווייט:
אַ גוטן מאָרגן, קינדערלעך,
מיר האָבן פרילינגצייט!

# בלויער טויער, מאַך זיך אויף!

בלויער
טויער,
מאַך זיך
אויף,
נעם
דעם
ווינטער
העט אַרויף,
לאָז
דעם
פרילינג
אונדז אַראָפּ,
מיט
די
שטראַלן
אויפן קאָפּ!

קלערט בישט טויער, —
שוין געטון!
שוין אַרויסגעלאָזט
די זון.

שיקט די זון,
די שטראַלן גלייך
און עס פּלאַצט
דאָס אייז אין טייך.
און דער שניי
צעגייט אויף גיך,
און די קינדער
פרייען זיך...

# זון

זון, זון
גאָלדענע זון ;
מוטער - נאַקעט
אויסגעטון ;
אויף דעם הימל
קלאָר אַרויס,
אויס, אויס,
ווינטער אויס !...

גאָלד, גאָלד,
סנאָפּעס שיין,
דורך דער שויב
אין שטוב אַריין ;

פלעקן געלע,
פלעקן ליכט,
פּוץ, אין אויגן
אומגעריכט !

שיין, שיין
זונענשיין,
ס'מוז שוין פרילינג
פרילינג זיין...

# אַ בריוועלע

כ׳האָב אַ בריוול היינט באַקומען,
אוי, אַ בריוול, כ׳זאָג אייך, אוי!
ס׳האָט אַ שמעק געטון מיט בלומען
און מיט פרישן, קלאָרן טוי.

דאָס פּאַפּיר נישט אָפּצוליבן:
פּלושיק-גלאַט און סאַמעט-ווייך,
און די ווערטער ווי די טויבן,
ווארקען ליבלעך פון דער הייך.

הערט דאָס בריוועלע, אַ וואונדער!
פּלאַפּלט עפּעס מאָדנע רייד:
וועלדער, פעלדער, טייך און לאָנקע,
פול מיט קינדערישער פרייד.

וואָס, איר שמייכלט? — נו, שוין גיכער,
פרילינג. זאָגט איר, און איר לאַכט
בין איך מוידע, יאָ, נו זיכער.
ס׳האָט אַ שטראַל דעם בריוו געבראַכט.

# איז דער ווינטער שוין אַוועק

איז דער ווינטער שוין אַוועק,
קומט אָן פרילינג פונם וועג,
קומט און גייט און שיקט פאַרויס
אַזאַ בריוועלע אַ בלויס:

„ליבע קינדערלעך. פון ווייט
קלייב איך זיך שוין לאַנג, אַ צייט,
כ'ווייס — איר האָט זיך ברוין און בלוי
אין די קעלערס, אין דער נויט,
אויסגעפרירט זיך אין דער קעלט, —
וועל איך ברענגען אייך אַ וועלט
מיט אַ הימל בלוי צעהעלט,
מיט אַן ערד — אַ גרינע קלייד
ברייט פאַרפלייצט מיט זון און פרייד.“

לייענען קינדערלעך דעם גרוס,
טיאָכקעט ס'הערצל אין דער ברוסט,
רייסט זיך, פלאַטערט, אָטאָ באַלד
וועט אַ פלי עס טון צום וואַלד,
ווי אַ פייגעלע באַפרייט
נאָך אַ לאַנגער ווינטערצייט...

# ערעװ פרילינג

ערעװ פרילינג, שניי מיט פלעקן,
װעלדער שאָקלען אָפּ דעם פראָסט,
ס׳קלאַפּט שױן אָן אין שטיין דער שטעקן —
ס׳האָט די קעלט שױן נאָכגעלאָזט!

ס׳איז שױן דאָ דאָס ערשטע שװעלבל,
און דער בושל קלאָקעט שױן,
אױפן הױף טאַנצט-אום א קעלבל,
סאַמעט-װײך און פלױשיק ברױן.

און א לאָשיקל אין סטײנע
בריקעט אום אױף שלאַנקע פיס:
— ס׳איז די װעלט אינגאַנצן מײנע,
איך אַלײן בין קײנעמס ניִשט.

# פראַלט אויף לאָדנס

פראַלט אויף לאָדנס, עפנט פענסטער,
נעמט די ראַמען גלייך אַרויס,
אַ גוט יאָנטעוו, ליבע קינדער,
ס'איז דער קאַלטער ווינטער אויס!

ס'פליט דער פרילינג, ס'שוועבט דער פרילינג
אין דער לייכטער בלויער לופט,
און דאָס גערטעלע נעמט הויכן
שוין מיט ריינעם, פרישן דופט.

שטעלט אַרויס אין גאַס וואַזאָנעס
אונטער ערשטן זונענשיין,
זאָל אַ יאָנטעוו, ליבע קינדער,
אין די הערצלעך ביי אייך זיין.

קינדער, קינדער, נו געשווינדער,
נעמט די גראָבאייזנס אין האַנט,
לאָמיר שפּאַנען, בראַווע מענער,
אין דעם גאָרטן, אונזער לאַנד.

בייטן, בייטן, לאָמיר גרייטן
פאַר דעם האַרציקן גאַסט

און אַ לידל לאָמיר זינגען
טאַקע, ווי פאַר פרילינג פּאַסט:

פרילינג, פרילינג, ליבער פרילינג,
ווי דער הימל ביסטו בלוי,
ראָז, ווי פּוך פון קינדער-בעקלעך,
פריש, ווי פערלדיקער טוי.

# דאָס ווונדערלעכע קינד...

מיט אַ קעפּל בלאָנד צעקרויזטן,
אין אַ העמדעלע אַ בלויס, —
איז דאָס קינד אַזוי געבוירן,
אָט אַזוי אָ זעט עס אויס.

טוט דאָס קינד זיך אַ צעשמייכל, —
טײַעט אָפּ דער פראָסט, צעגייט.
און ס׳צעגיסן זיך די טייכן
אין דער לענג און אין דער ברייט.

ס׳טוט אַ שמאָרע מיטן נעזל —
פּיקט זיך אויף אַ קנאָספּל גרין,
רייסט פון ד׳ערד זיך דורך אַ גרעזל,
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף אַ בין.

לאָזט דאָס קינד אויף לאַנד זיך שפּאַנען,
בליט די ערד אונטער די טריט
גרינער פּלוש — זיך שפּרייטן לאַנען,
מילעך־ווייס אין סאַד דער צוויט.

וואַקסט דאָס קינד פון ווייל צו ווײלע,
וואַקסט דאָס קינד פון שאָ צו שאָ,
ווערט דאָס קעפּל בלאָנד, ווי זון־שײַן,
ווערט דאָס העמד, ווי הימל בלאָ.

מיט אַ קעפּל בלאָנד צעקרויזט,
און אַ העמדעלע אַ בלויס,
איז דאָס קינד אַזוי געבוירן,
אָט אַזוי אָ זעט עס אויס...

# אַ שוועלבעלע

איבערן פענסטער,
אונטערן דאַך,
אַ שוועלבעלע האָט זיך
אַ נעסטל געמאַכט:

אַ פעדער, אַ שטרויעל,
אַ צווייגל אַ דאַרס,
מיט ליים די שפּאַרונעס
פאַרקלעפּט און פאַרשפּאַרט.

זיצט שוין די שוועלבעכע
בריט אויס אַן איי,
זיצט זי אַ וואָך אַזוי,
זיצט זי אַ צוויי.

אויף דריטער... אַ פּישטשע,
אַ צוויטשער פון גליק —
ס'האָט זיך אַ שוועלבעלע
ווייך אויסגעפּיקט.

פאַררייסט עס דאָס קעפּעלע,
עפנט דאָס מויל:
מאַמעלו, מאַמע
ווי שיין און ווי ווויל!

# פּיטש פּאַטש...

פּיטש פּאַטש, פּיטש פּאַטש
געלער שנאָבל, ברוינער לאַטש
גאַ, גאַ, גאַ, גאַ,
גאָ, גאָ, גאָ!
קוים דערלעבט זיך טון אַ פּאָך
אויסצוציען זיך די גלידער —
גאַ, גאַ, גאַ,
שוין פריילינג ווידער.

אויבן... וואָס זאָל אויבן זיין?
בלאָער טייך, נעם טאַנץ אריין,
מיטן שנאָבל טוק, טוק, טוק,
מיט די פיסלעך פּוק, פּוק, פּוק,
מאַכט אַ וואָרע, מאַכט אַ וועג!
ס'שווימט אַ קאַטשקעלע אוועק.
פּיטש פּאַטש, פּיטש, פּאַטש,
געלער שנאָבל, ברוינער לאַטש...

# האָב איך מיר אַ גערטנדל

האָב איך מיר אַ גערטנדל,
אַ גערטעלע געמאַכט,
צוויי שיינע, קליינע בייטעלעך,
צוויי בייטעלעך אַ פּראַכט.
ווי קעסטעלעך פּירעקיקע,
ווי ווייכער סאַמעט, גלאַט,
האָב איך מיר דאָרט רעטעכלעך
און ציבעלקעס, סאַלאַט.
בין איך מיר אַ גערטענער,
גאָר טאַקע אָן אַ שפּאַס,
אַ רידל און אַ מאָטיקע,
אַ זייערל, אַ פאַס —
אַ קעסעלע אַ בלעכענס
מיט אַ רערעלע אַ מויל,
טאַקע ווי מיט טשוועקעלעך,
אָן אָנגעפּראַפּטע זויל.
אָט נאָר וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט
פון דרימעלע די זון —
איך איל זיך אין מיין גערטעלע,
ס'איז דאָ שוין וואָס צו טון:

דו עמערל — אין ברונימל!
דו זייערל — צו מיר!
ווארט נאָר, ווארט מיין רידעלע,
כ׳האָב אַרבעט אויך פאַר דיר
דאָס עמערל שוין אָנגעשעפּט,
דאָס זייערל שוין פול,
שפּרייז איך פון איין גרינסעלע
צום צווייטן מיט געדולד.
אַ שפּריצל נאָך אַ שפּריצעלע
דאָס גערטנדל באַפייכט, —
האָב איך עפּעס אָפּגעטון,
ווערט מיר טאַקע לייכט.
קלאָגט זיך אָבער רידעלע:
און וואָס בין איך אַזוינס?!
זעסט, דאָרט האָט פון בייטעלע
זיך אָפּגעשיט אַ ברוינס,
אַ זשמענקע ערד — אַ שטיפּערקע,
נו, ברודערקע, פאַרגלעט,
פאָלג איך אים מיין רידעלע,
פאַרנעם איך זיין געבעט;
פאַרגלעט אַ זייט ביים בייטעלע,
די אַרבעט אָפּגעטון —
שפּאַן איך מיר אין שול אַריין —
מיט שטראַלנדיקער זון,

ווייסט דער לערער, דאַכט זיך מיר
עס ווייסן קליין און גרויס,
אַז ס'וועט פון מיר אַ פויער שוין
אַ לייטישער אַרויס.

## אַ בוראַק

אַ בוראַק איז רויט, ווי אַ בוראַק,
דער וואָרצל איז לענגלעך און האָריק,
רונדיק דאָס בייכל זיינס איז,
אין טאַם איז ער צוקערלעך זיס.

# אַ מײַער

אַ מײַער
אויף איין פּיסעלע —
אַ גײַער,
וואָלט אויסגעגאַנגען דיר
די גאַנצע ערד,
איז דאָס גליק
דעם מײַער נישט באַשערט,
פאַרקערט...
ער וויל גאָר זײַן
אַזוי אָ ווי ער איז,
אַבי דער טאַם זאָל בלײַבן
אײַביק זיס,
און דער קאָליר —
אַ ראָזלעך־געלבע פרייד.
אַ מײַער
אויף איין פּיסעלע,
אַ גײַער —
וויל זיך גאָרנישט שײדן
מיט דער בײט.

# אַן אוגערקע

אַן אוגערקע אין גאָרטן,
א גאַנצע מעיִכעסעס —
פון אַלע גרינסן סאָרטן
א יעדערער דאָס ווייס עס.

האָט מוירע פאַר א בלעזל,
ציטערט פאַר א פרעסטל —
אַן אוגערקע נערוועז איז
געכאָליעט און געפּעשטשעט.

קוים וואַקסט די זון אָן רונדער,
דער זומער טאָג־ווערט העלער,
ציטערט זי באַזונדערס
פאַר שווינדזיכטיקער געלקייט.

ציטערט זי און פלאַטערט,
לעכצט א טראָפּן רעגן,
בעט זיך ביים סאַלאַט־בלאַט
א שוץ פאַר אירעטוועגן.

דער סאַלאַט־בלאַט הערט אויס
שאָטנט איר און מונטערט,
קומט צו גיין דער גערטנער
קלייבט זיי ביידע אונטער.

# אויף אַ בײַט

אויף אַ בײַט
אַ רעטאַך
פֿאַרנעמט זיך אַ שעטאַך
ראַכוועסדיק און ברייט—
און כאָטש אין גאָרטן רעטאַך
איז ווייט נישט קיין „איך בעט אייך",
דער איקער שעבעאיקער —
וואַקסט ער אויף צעלאָכעס
אין איידעלער מישפּאָכע
פֿון טאָג צו טאָג אַלץ דיקער.

# אַ ציבעלע

אַ ציבעלע —
האָט איר קיין פּאַריבל נישט
האָט איינגערעדט זיך,
אַז זי וועט
צעשמעקן זיך,
ווי אַ בוקעט
פון שענסטע בלומען
אויף דער סעדל=קלומבע:
„וואָס זיינען קעגן מיר, אַ שטייגער,
נאַסטורציעס און זשאַסמינען?!
כ׳דאַרף נאָר אויסטון זיך די קליידער מיינע דינע
וואָס הילן איין מיין לייב דאָס בלייכע
און ס׳וועלן זיך צעטראָגן רייכעס
איידל זיס און פיין —
ווי קען דען אַנדערש זיין?!

און איידער ציבעלע געענדיקט האָט די רייד —
עס האָט אַ האַנט זי פון דער בייט
אַרויסגעצויגן,
און פייל אויס בויגן
אין קיך מיט איר אַוועק.

און דאָרטן... דאָרט האָט זיך די ציבעלע אַזוי צעשמעקט,
אַז ס׳האָבן טרערן זיך געריסן פון די אויגן,
געשטשיפּעט האָט אין נאָז, נישט אויסצוהאַלטן,
ביז ס׳האָט די זעלבע האַנט — אַ גאַזלען אַזאַ קאַלטער,
געפּאַלמעסט איר אויף דרייען און אויף פּירן,
אַריינגעשליידערט אין אַ טאָפּ געקעכץ
און מיט אַ ניס, — אַ קוים, קוים שטילן קרעכץ
מיט שטערצל שנעל דאָס טעפּל צוגעדעקט,
אַז ס׳זאָל כאָלילע אויף פּאַטעלניע דער קאָטלעט
נישט כאַלעשן פון ציבלדיקן שמעק...

## די זונענרויז

אויף אַ לאַנגן שטענגל
הענגט זיך
אַ געלער וווּנדער,
ווי אַ קאָפּ אַ רונדער,
ברייט און גרויס
אַ זונענרויז.

קוקט זי אויף די בייטן
קאַרטאָפל, אַרבעסשויטן,
ציבעלעס און באָב,
פונאויבן ביז אַראָפּ:
„ווער קען זיך צו מיר גלייכן!
נאָר איך אַליין טו גרייכן
פון אַלע גרינסן העכער,
צו זון — דעם גאָלדנעם בעכער
צום הימל — בלויען טעלער, —
פון אַלע גרינסן העלער,
שטאָלץ, און שלאַנק, און גרויס,
איך, געלע זונענרויז!...

— „קוק נאָר, ווי זי רימט זיך,
נעמט איר איבערקרומען

צופּוסנס א קאַרטאָפּל.

— נו יאָ, מיר זיינען שאָפּל
נאָר דו ביסט שיין און פיין,
דו טרינקסט דעם בלויען ווייַן,
און זופּסט די גאָלדנע יויך
און פּאַשעסט זיך אַ בויך,
נאָר ווייסט נישט איין זאַך בלויז
ביסט קיי און שפּיי און אויס...

# אין באַהעלטעטשקעס

צו דעם קאָרנשוועסטערל
קומט צו דאָס פאַרגעסניטל,
טוט אַ שמייכל בלוי
און אַ זאָג אַזוי:
„נעם דיין בלויענק מענטעלע
אויף דיין צאַרטינק הענטעלע,
לאָמיר לויפן גלייך
צו מיין מאַמעס טייך.
דאָרטן שטייט אַ שיפעלע
לאָמיר טון אַ שטיפעלע
לאָמיר טון אַ פאָר
אָט אַזוי און גאָר!...

קומט צוגיין דאָס לאַנדישל,
לייגט פאָר עפּעס אַנדערש גאָר:
— טאַקע, טאַקע באַלד
לויפן מיר אין וואַלד.
דאָרטן זיינען ביימער דאָ
ווייסן זיי נישט פון דיין בלאָ,
פון דיר, שוועסטער קאָרנבלום,
פאָלג-זשע מיך, אין וועלדל קום!

וואָס=זשע טוט מען, מיינע פריינט?
וועמען זאָל איך פאָלגן_היינט?
דו ביסט ווייס, און דו ביסט בלוי
ביידע גלייך מיר ליב אזוי!

פלוצלינג — דזזין!.. דאָס גלעקעלע
מיט דעם לילאַ בעקעלע
— ווייסט איר, קינדער, וואָס?!
קומט אין גרינעם גראָז,
דאָרטן וועט מען שפּילן זיך
טאַקע ווי מיר ווילן זיך —
קלערט מען גאָרנישט לאַנג:
אַך, סאַראַ געדאַנק!

שפּילט מען אַלע אינם גראָז
טרעפט=זשע גאָר אַליין אין וואָס?
וואָס, איר ווייסט נישט?.. גאָרנישט שיין—
אין באַהעלטעשקעס אַליין!
דאָס בלויענקע פאַרגעסניטל
פאַרקריכט אין גרין געדיכט,
דאָס בלויע קאָרנשוועסטערל
גייט אַרום און זוכט,
און דאָס לילאַ=גלעקעלע
אַנטלויפט אונטער אַ קוסט[illegible]
טוט אַ קלונג דזין, דזין:
טרעפט=זשע וועך איך בין?

# אין טויבנשלאק באַגינען

אין טויבנשלאַק איז שטיל —
ווען־ווען עס צאַפּלט אויף אַן־אַלטע טויב.
אַן ערשטער בלאָ־באַגינענדיקער שטראַל
האָט נאָר וואָס, טאַקע ערשט, אַדורכגעזיפּט זיך
דורך אַ שפּאַרקעלע אַ שמאָלס —
און פאַלט
מיט בלויע זילבער־פּאַסמעלעך אויף דרימלענדיקן דרויב.

שטילע דאָ און דאָרט —
טייבעלעך פון יעדן סאָרט:
געלהעלזעלעך, רויטגאַרטעלעך, גאָלדגריוויקע,
פּאָטשטאָווע,
און טאַקע טולסקע טויבן... גאָר די עמעסע ראַסאָווע.
ווער ס׳ליגט זיך אויף אַ בייכעלע,
ווער ס׳שטייט זיך אויף אַ פיסעלע,
נאָר האָט קוים זון פון מיזרעך זייט צעפלאַקערט זיך
אַ ביסעלע
און דינע בלויע ראַנדן, ווי מיט פּורפּור אויסגעפלעקט
איז טויבנשלאַק שוין האַלב ווי אויפגעוועקט.
ווער ס׳פאָכעט מיט אַ פליגעלע,
ווער ס׳פּיקט זיך מיט אַ שנעבעלע,

ווער ס'וואַשט דאָס דינע פּיסקעלע אין וואַסער פון
אַ קריגעלע,
און ווער גאָר איז די ערשטע שוין אויף דעכעלע אַפילו
און וואָרקעט אין פרימאָרגן אויס אַ ליבגעזאַנג אַ שטילס.

# איך און די זון

קוים איך מאַך די אויגן אויף —
אויף מיין בעט די זון אַרויף,
אין די אויגן גלייך אַריין
זונענשטראַלן, זונענשיין...

טאַנץ איך פון מיין בעט אַראָפּ,
ס'הענגט זיך זון איבער מיין קאָפּ;
וואַש איך מיר דאָס פּאָנעם איין,
אין דער שיסל זונענשיין.

גיי איך אויף דער גאַס אַרויס,
זון, זי גייט מיר שוין פאָרויס.
נעמט מיך ווארעם ביי דער האַנט,
און מיט מיר צוזאמען שפּאַנט.

לויף איך באָדן זיך אין טייך, —
האַנט ביי האַנט מיט מיר צוגלייך,
נאַקעט, הויל — זיך אויסגעטון,
טאַנצט אַריין אין טייך די זון.

שטיפט מען ביידע און מע שוויצט,
איך א פּלעסקע — זי א בליץ,

זי — אַ מיגע, איך — אַ פּישטש,
איך אַ נורעק — זי אַ בלישטש...

אַט אזוי אַ גאַנצן טאָג —
מיט דער זון אַרומגעיאָגט,
מיט דער זון אַרומגעשטיפּט,
איינס אין אַנדערן־פאַרליבט.

ביז עס רוקט זיך אָן פאַרנאַכט
איך און זון נישט מער געלאַכט,
ביידע מיד און שטיל אַזוי
זעגנען זיך אין אָוונט־בלוי.

זון פאַרגייט אין פּיאָלעט, —
איך אַהיים צו זיך אין בעט,
ביז דער שלאָף מאַכט אויגן צו,
מיך און זון... אונז ביידן רו.

# זום, זום, זום, זום!

ליכטיק, לויטער דער ארום.
אויף דעם הימלס בלויען קלייד
הענגט די זון — א געלע קווייט,
ברייט צעוואַקסן, ווי אַ רויז,
אינם גאָרטן רונד און גרויס.

דין און לויטער איז די לופט,
שמעקט מיט זיסן ליפּע־דופט,
רייצט מיט מיענטע און פאַלין.
זום, זום, זום! א ברוינע בין
פלאַטערט, פליט פון בלום צו בלום
זום, זום, זום, און זום, זום, זום!—

דאָ אַ סמאָקע, דאָרט א צי,
אַרבעט, שוועסטער, פלאַטער, פלי!
דאָרט אַ שמעק און דאָ אַ נאָג —
ס'שטייט נישט טאָמעזדיקער טאָג.

# פלאַטערל

פליטער פלאַטערל געפלאַטערט
פון באַגינען ביז פאַרנאַכט
און פון פלאַטערן פאַרמאַטערט
איז געבליבן, ווי פאַרשמאַכט
אויף אַ ווייסן אַסטרע־בלעטל
וואָס אין גאָרטן הענגט פאַרטראַכט.
פליטער פלאַטערל פאַרמאַטערט
איינגעשלאָפן אין פאַרנאַכט.

# זונפאַרגאַנג

איז דער טאָג בײַם זונפאַרגאַנג,
שטילט זיך אײַן אין פעלד ס'געזאַנג,
ששאַ! און ס'דאַכט זיך, ערגעץ האָט
צעוויקלט ווער אַ בלאָען סאָד;
כליעפּטשעט ס'טײַכעלע בײַם ברעג:
ס'איז דער טאָג נישטאָ, אַוועק,
ערגעץ ראָז פאַרשוווּמען ווײַט
אויף אַ שיפעלע פון זײַד.

# פאַרנאַכט

אָפּגעפּראַוועט אַלע קונצן
האָט אין טייכעלע די זון,
ווערט דאָס טייכעלע גערונצלט
עפּעס ווי אין זיך פאַרטון.

שטילער, שטילער שטראָמט דאָס וואַסער,
שטומער, שטומער, בלייבט דער ברעג,
ערגעץ ווו פאַרגייט אַ בלאַסער
טאָג אויף טונקלען-בלאָען וועג.

אויף דעם פעלד מיט גאָלד באַגאָסן,
אַטאָ פריער, דאַכט זיך. וואָס?!
נעמט צעוויקלען זיך אַ ראָסע,
ווי אַ נעפּל אויף דעם גראָז.

ערגעץ כאַעלשט אויס אַ דודע
צאַפּלט אויס אַ האָרן „טרו“,
לעצטער שטראַל זיך אויסגעבאָדן
ווערט פאַרפאַלן ערגעץ ווו.

פלעמלט טייכעלע אַ ווײַלע
און לעשט אויס זיך מאַט און גרוי.

ביזקל הויך, אויף ווייטע מיילן
נעמט זיך לויטערן דער בלוי.

און א סערפ פון ריינעם זילבער
גרייט צום שניט — ווי א כאַלעף בלאַנק,
רוקט אַרויס זיך אויף דעם הימל —
אַזאַ ליכטיקער געשאַנק.

און עס גייט אים נאָך א וואָגן
גרייט צו לאַדעווען דעם סנאָפּ,
רעדער, דישל — זיבן שטערן, —
נאָר אַ פערדל און — גאַלאָפּ!

# רוט שוין ס׳ברויט אין שייער...

נו, האָט מען אין שייער
שוין דעם שניט געבראַכט,
ליגט ער אָנגעהויפנט
ביז אונטערן דאַך.

ווי עס ווערט געבוירן
טאָג אין נייעם רייך —
ווערט מען מלויצען קאָרן,
ווערט מען מלויצען ווייץ.

מאָרגן, נאָך א מאָרגן
ווערט מען דרעשן ס׳ברויט,
וואָס=זשע ז׳דאָ צו זאָרגן,
אז דער האַרבסט קומט רויט?!

גייט דער האַרבסט... נו גייט ער!
שמעקט דאָך פון דער ווייט
אזא מילדע, ברייטע
בראָנז=און קופּער צייט.

בלעטלעך מעש אין צווייגן,
קופּער אויף דעם ראַנד,

און אַ געלער שווייגן
אויף דעם שטילן לאַנד.

וועט מען, קינדער, שטוינען
אַזוי ברייט און לאַנג,
ביז צום לעצטן, ברוינעם
אויסגעדרעשטן זאַנג...

# אינהאלט